י. פאַפּיערניקאָוו / איבּערבּלייבּ

צום אָנדענק —
מיין ערשטן ליטעראַרישן
אפּוטרופּוס
איטשע מאיר ווייסענבערג

# באמערקונגען

די לידער פון דער דאָזיקער זאמלונג, זענען אַן איבערבלייב פון מיינע ערשטע לידער, וואָס מיין פארלאג „אליין", האָט אין יאָר 1945/46 ארויסגעגעבן א. נ. „פון ערשטן שניט".

א טייל לידער פון יענער און פון דער איצטיקער זאמלונג, האָב איך בשעתו פארעפנטלעכט אין י. מ. וויסענבערגס „זאמלביכער", „מיטן שטראָם", „אונדזער האָפענונג", און מיט יאָרן שפּעטער — אין די ווארשעווער „ליטעראַרישע בלעטער".

ביים צוגרייטן די איצטיקע זאמלונג „איבערבלייב" צום דרוק, האָב איך אין א טייל לידער פון איר, אריינגעברענגט געוויסע אויסבעסערונגען, און דאָס ליד „פעלד" (געדרוקט אין יאָר 1918, אין וויסענבערגס פערטן נומער „זאמלביכער" — געקירצט אויף א העלפט.

סיי אין „פון ערשטן שניט" און סיי אין „איבערבלייב", האָב איך נישט אריינגענומען מיינע ארץ־ישראל־לידער, וואָס איך גיב ווי יעדן זשאנר לידער מיינע, ארויס באזונדער.

דער מחבר

# מיין ערשטע ליטעראַרישע סביבה

## (אַ בלעטל ליטעראַרישע זכרונות)

דעם ערשטן וועמען כ'האָב מגלה־געווען דעם סוד, אַז איך שרייב לידער, איז געווען מיין יוגנט־חבר כאַצקעלע, מיט וועמען כ'האָב זיך קליינערהייט בלוטיק צעשלאָגן צוליב קאָנקורירן צווישן זיך אין נאָכמאַכן דאָס קרייען ווי אַ האָן...

ער, מיין חבר כאַצקעלע (יחזקאל קאַרענהענדלער), וועלכער איז נאָך דאַן אַליין נישט געווען קיין שרייבער, קיין מחבר פון עטלעכע ביכער, דערציילונגען און עסייען, נאָר געלעגן, ווי מען זאָגט עס: מיטן קאָפּ אין די ביכער, געלייענט, הייסט עס, וואָס אַנדערע שרייבן, — האָט מיך צונויפגעפירט מיט קאָפּל דוא, וועלכער האָט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אַלס קאָפּלמאַן — געאַרבעט פאַר דער „גראַשן־ביבליאָטעק" און צו יענער צייט — געשריבן אָסקאַר אוּאיילדישע דער־ציילונגען, פּרעטענדירט אויף ליטעראַטור־קריטיקער, און באַוויזן צו שאַפן אַרום זיך אַ קרייז פון יונגע בחורים, וואָס האָבן מיט דער ערשטער שפּראַצונג אויף באַרד און וואָנסעס — אַרומגעטראָגן זיך אויך מיט זייערע ערשטע ליטעראַרישע שפּראָצונגען.

צום דאָזיקן ליטעראַרישן קרייז, אָדער קרייזל, האָט אויסער מיר און קאַרענהענדלער, אָנגעהערט שמואל ווולמאַן, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געריסן צו פאַרנעמען דאָס גאַנצע פעלד פון דער יידי־שער ליטעראַטור, און געשריבן לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמען, עסייען און אַרטיקלען פאַר זיין פּאַרטיי־צייטונג פון דער לינקער פּועלי־ציון. דער צווייטער, וואָס האָט אַזוי געריסן און נאָך מער: פאַרריסן, איז געווען יוסף קירמאַן, וועלכער איז נאָך זיין מיינונג, געווען דאַן דער יידישער מאַיאַקאָווסקי. געווען זענען אין קרייז אויך אַזעלכע, וואָס זענען מיט זייערע „טשעמאָדאַנעס" מאַנו־סקריפּטן, נישט דערגאַנגען ווייטער פון די „ראַגאַטקעס"...

סאיז אָבער כדאי צו דערמאָנען פון דעם קרייז איינעם, וועמענס נאָמען ס׳איז באַקאַנט נאָר די, וואָס האָבן ווען אָנגעהערט צום דאָזיקן קרייז. געהייסן האָט ער דב (בער) מאַנעסקלייד, געווען איז ער דאַן א שילער, נאָך אין שילער־אוניפאָרם; א בחור׳ל אַן איידלס, א שוואַרצס, מיט אַן ערנסט מאַט און פאַרדעכטיק־בלאַס פנים; געווען איז ער צוזאַמען מיט קאָפּל דוא׳ן, אונדזער ליטעראַרישער פוסק און רעדאַקטאָר פון אונדזערע געשריבענע ליטעראַרישע העפטן, וואָס מיר פלעגן אַרויסגעבן צווישן זיך און פאַר זיך. וואָלט דער טויט דאָס דאָזיקע בחור׳ל נישט אַוועקגענומען פרי פון דער וועלט, וואָלט ער זיכער אויסגעוואַקסן צו אַן ערנסטן ליטעראַטור־קריטיקער; אויף צו זיין דאָס, האָט ער פאַרמאָגט גענוג קריטישן חוש, געשמאַק און אינטעליגענץ.

דער זעלבער גורל, וואָס דב מאַנעסקליידן — האָט אויך געטראָפן א צווייטן חבר אונדזערן פון קרייז: אַלכּסנדר באָרענשטיין.

נאָכן פאַרלוסט אונדזערן מיט די צוויי חברים, וואָס זענען געבליבן „אומבאַקאַנטע זעלנער" — האָט זיך אונדזער שרייבער־קרייז אַריבערגעקליבן אין „אַרבעטער־היים" — דער וואַרשעווער קלוב פון דער לינקער פועלי־ציון־פּאַרטיי, צו וועלכער דאָס רוב פונעם קרייז און איך בתוכם — האָבן אידעיש אָנגעהערט.

אַדאַנק דעם קרייז, האָב איך מיך דאָס ערשטע מאָל דאָן, באַקענט פון דער נאָענט, מיט אַרבעטער און מיט א פּראָלעטאַריש קלוב־לעבן, אין וועלכן כ׳בין ביסלעכווייז געוואָרן אַריינגעצויגן, אַזוי, אַז די „אַרבעטער־היים" איז מיט דער צייט געוואָרן מיין צווייטע היים און ערשטע פּראָלעטאַרישע דערציאונגס־אינסטיטוציע.

אויך דער שרייבער־קרייז אונדזערער, האָט אין דער אַרבעטער־היים געפונען פעלד אויף וואַקסן און אויסברייטערן זיך. ס׳איז צו אונדז צוגעקומען דער דעמאָלט מיידלעריש־סענטימענטאַ־

לער און שפּעטער — לירישער אַרבעטער־דיכטער מ. דושאַלאָווסקי; דער פלינקער רירעוודיקער ש. ל. שניידערמאַן; דער צאַרטער דוד פליסקין, וועלכער איז שוין נישט געווען אַזוי יונג, ווי קינדיש־קאַפּריזנע און עמפּינדלעך; דער אורבאַניסטישער יוסף רובינשטיין, און צום סוף: דער פילאָלאָג און ליטעראַטור־קענער דניאל לייבל. מיטן צוקומען פון דניאל לייבלען, האָבן מיר באַקומען אַ נייעם מדריך און רעדאַקטאָר פאַר אונדזער ערשטער געדרוקטער טריבונע: די ליטעראַרישע ביילאַגע פון דער „אַרבעטער־צייטונג" און פון דער ביילאַגע ביי דער יוגנט־צייטונג „דער יונגער קעמפער".

דאָס איז די געשיכטע פון מיין ערשטער ליטעראַרישער סביבה, און אויך די געשיכטע פון מיין ערשטער אוידיטאָריע, צוהערער, לייענער און פאַרערער: די אַרבעטער פון דער דעמאָלט זייער וואַרעמער אַרבעטער־היים־פּעריפעריע, פאַר וועלכער מיר, די ליטעראַרישע גרופּע „יונגע" — פלעגן זייער אָפט קאָלעקטיוו אויפטרעטן.

אין דער דאָזיקער אַרבעטער־פּעריפעריע, האָב איך זיך מיט דער צייט אָנגעגומען מיט מוט און מיט כוח, צו זינגען נישט נאָר פון פּיין, נויט און טרויער, נאָר אויך לידער פון בונט, אויפברויז און גלויבן אויף אַ בעסערן מאָרגן.

## סערענאַדע

כ׳שטיי מיין ליבסטע, פאר דיין פענצטער,
שעה׳ען לאנג, שעהן לאנג,
און עס שיקט דיר מיין גיטארע
קלאנג נאָך קלאנג, קלאנג נאָך קלאַנג,
וואָס זיי וועקן דיך און רופן
אינדערנאכט, אינדערנאכט,
ווען ארום איז אלץ פארשלאָסן
און פארמאכט, און פארמאכט.
ס׳ליגט אין שלאָף שוין טיף פארזונקען
רינד און שאָף, רינד און שאָף,
א׳ך נאָר, שטיי דאָ, ווי א שאָטן
און נישט שלאָף, און נישט שלאָף,
כ׳לאָזט אן אומרו מיך נישט שלאָפן,
כ׳מוז זיין וואך, כ׳מוז זיין וואך —
ווייל דיר זאָגן וויל איך, ליבסטע,
היינט, א סך, היינט, א סך.
קום־זשע ליבסטע, צו צום פענצטער
פון דיין הויז, פון דיין הויז,
אָדער, שלייך ווי די לבנה
זיך ארויס, זיך ארויס,

קום וואָס גיכער, קום וואָס שנעלער,
ווייל כ׳בין מיד, ווייל כ׳בין מיד
און מיר דאכט זיך, אז איך שפיל שוין
ס׳לעצטע ליד, ס׳לעצטע ליד,
הערסט ווי ס׳פלאצן שוין די סטרונעס
איינס ביי איינס, איינס ביי איינס,
און מיט זיי, פון גרויסער ליבע —
ס׳הארץ אויך מיינס, ס׳הארץ אויך מיינס.

* *
*

כ׳האָב געמיינט —
וועסט זיין מיין ברעג, מיין אויסגעחלומטער,
מיין העלער ברעג,
וואו כ׳וועל דאָס שיפל מיינס, דאָס איינזאמע,
פון ווינט געטריבענע —
אריוספירן פון הפקר־קרייז,
און ברענגען, אָנצובינדן עס ביי דיר
אין דיינע שטילע וואסערן, די רואיקע.

איצט שווים איך נעפּלדיק ארום
ווי אויף א ברעט אין מיטן ים,
און כ׳קען שוין ניטש צוריק
פון וואנען כ׳בין אוועק.

# אין ווייסע נעכט

אין ווייסע, בלענדיק־בלאנקע נעכט,
ווען הייזער חלומען ווי שיפן פארן אָפּגאַנג —
בין איך גרייט צו זיין דיין שווארצסטער קנעכט
און גיין נאָך דיר — א שאָטן בלויז, אן אָפּקלאַנג.

אין ווייסע, בלענדיק־בלאנקע נעכט,
ווען ס'פלאטערט זילבער־ליכט, ווי פליגל אונטער שויבן —
בין איך גרייט אויף אלץ, און ס'איז אפילו רעכט
ביי מיר, פאר דיר צו גזלנען און רויבן...

# דיינע צוואָנציק פרילינגס

דער טוי פון דיינע צוואָנציק פרילינגס איז אויף מיר געפאלן
ווי א זומער־רעגן נאָך א לאנגער טרוקעניש,
און צעעפנט — אויפגעשלאָגן האָבן צוואָנציק קוואלן
פון מיין טיף, מיין שטיינערנער, איצט לעבעדיק און פריש.

דער גאָרטן פון מיין ווינעדיק געמיט האָט אויפגעוואכט
און אויפגעבליט פון פרייד, אז כ׳קאָן נאָך האָבן וועמען ליב,
און ס׳טירל, וואָס איעדער ווינט האָט אויף און צוגעמאכט —
האָט אויפגעהערט צו וויגן זיך מיט זשאווערדיקן סקריפ...



כ׳מעג נאָך איר פארמאכן שוין די טיר —
ז׳איז אוועק אויף נישט צו קומען מער,
נאָר מיין צימער איז נאָך פול מיט איר,
ווי כ׳בין פול פאר איר מיט מיין באגער.

כ׳אָטעם אלץ נאָך מיט איר ווארעמקייט,
ס׳שמעקט נאָך אלץ איר מיט יענער פרוכט,
וועלכע פאלט אליין געפלאצטערהייט
פונעם בוים אראָפּ, און שרייט: פארזוכט!...

כ׳מעג נאָך איר פארמאכן שוין דיר טיר —
ז׳איז אוועק, אוועק, נאָר ס׳וועט נאָך לאנג
זיין מיין צימער פול מיט גוטס נאָך איר,
ווי כ׳בין פול מיט טרויער פון פארגאנג.

## צו א טענצערין

ווען דיין דינער ציטערדיקער קערפּער,
אָנגעצויגן אינעם שווארצן זיידענעם טריקאָ,
האָט געבויגן און געבראָכן זיך,
געטרייסלט זיך אויף אַלע זייטן,
ווי א יונג בעריאָזקעלע אין ווינט —
האָט ס׳הארץ מיינס מיטגעטאנצט מיט דיר...

ווען האָסט די הענט די נאקעטע
ווי אָפּגעשיילטע צווייגן הינטער זיך פארוואָרפן,
און דעם קאָפּ אויף זיי׳רע דלאָניעס אָנגעלעוט,
ווי וואָלסט אים ערגעצוואו אוועקלייגן געוואָלט,
און האָסט מיט דיינע פינגער־שפּיצן פון די פיס
די ערד בארירט קוים,
און געפלאטערט ווי א שמעטערלינג
ארום דיין אייגן פייער —
האָב איך אויך געפלאטערט...

ווען האָסט אין אייגן שטורעם זיך געטראָגן,
און דיין שווארצע פאטלע האָר
האָט ווילד צעשויבערט זיך
ארום דיין קינדיש בלאס געזיכט,
ווי אן אָנגערוקטער וואָלקן

אויף א פולער זילבערנער לבנה —
האָב איך אויך דאָס פּנים זיך פאַרשטעלט.

ווען אין טאַנץ האָסטו זיך פלוצלונג
אויף די קני אַראָפּגעלאָזט,
ווי עמעץ וואָלט די פיס דיר דורכגעזעגט,
און ביסט געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד,
געבליבן אומבאַוועגלעך ליגן
ווי א יונגע נאָנע אין א פרום געבעט —
איז מיין קאָפּ אין אומעט מיר געפאַלן אויף
דער ברוסט,
און ס'האָט אין שטומען הייליקן עקסטאַז
נעטרערט מיין אויג...

# פעלד

ליב איז, ליב מיר אין מיין נחלה,
באַטש עס שטייט ווי אָן א זייט
פון דער וועלט; נאָר קוקסטו דורכן
פענצטערל — ווי ווייט, ווי ווייט —

פעלדער — גערשטן, פעלדער — קאָרן —
ציען, ציען זיך אוועק,
אזש דעם אויג איז שווער צו כאַפּן
זייער אָנהויב זייער עק;

ס'זעט זיך א צעוויגטער ים נאָר,
ים פון זאנגען, ים פון גאָלד,
ים פון זון, אין וואָס איך וואָלט זיך
גערן אויסבאָדן געוואָלט.

אָבער שטאַרקער ליב די פעלדער
האָב איך, ווען ס'האָט דורכגעבריט
זיי, די זון שוין ביז צום וואָרצל,
ווען עס קומט די צייט פון שניט;

ווען בייטאָג, ביי זונען־אויפגאנג
קומען מחנות שניטער אָן,

מיט די קאַסעס אויף די שולטערס,
און מיט שטרוי־היט אָנגעטאָן,

קעגן זון זיך צו באַשיצן,
ס׳זאָל נישט ברענען זיי דעם קאָפּ
אינעם ארבעטס־טאָג, ווען שניידן
וועט מען פונעם פעלד אַראָפּ;

און — עס הויבט זיך אָן ארבעט
מיט געשמאַק, עס גייט א גאַנג!
ס׳זעט זיך נאָר א הענט־באַוועגונג,
ס׳הערט זיך נאָר א סערפּן־קלאַנג,

וואָס צעגיסט זיך איבער פעלדער
וואו מען זעט קיין רינד, קיין שאָף, —
אויסער הויכע, שלאַנקע תבואה,
וואָס עס וועקט דער קלאַנג פון שלאָף;

קלאַנג פון שטאָל־געשאַרפטע קאָסעס,
וועלכע בליצן לינקס און רעכטס,
און עס פאַלן אונטער זיי, די
סנאָפּעס, מיט א שטילן קרעכץ;

יעדער, יעדער שניט פון שניטער,
מיט דעם מעסער הין און צ׳ריק —
שניידט זיך איין ביי מיר אין האַרצן,
רייסט פון אים דאָן אויס א שטיק,

און א קרעכץ אויך אזא שטילן,
ווי ביי יעדער שטומער זאנג,
און אזוי־אַ פאלן זאנגען
ביזן ערב זון־פארגאנג;

און עס הויבט זיך אָן א פרישע
ארבעט, נאָך מיט מערער היץ;
ס׳קומען אָן זיך דאן די פרויען
בלויז אין לייוונט און אין סיץ,

און מיט טיכלעך, מיט קאָלירטע
און געבלימלטע — אויף קעפּ,
ס׳רייסן זיך פון אונטער טיכלעך
דורך אויך, גראָבע לאנגע צעפּ,

פון נאָך יונגע שיינע מיידלעך
מיט פארברוינטע פיס און הענט,
אלע — אויסגעקושט פון זונען,
אלע — באָרוועס, אָפּגעברענט;

און עס הויבט זיך אָן א בייגן,
בוקן אויף די קני צו דר׳ערד,
צו די לאנגע, לאנגע רייען
זאנגען גאָלדענע, און — ס׳ווערט

רק געקליבן און געבונדן,
ווערן בלוזקעס, טיכלעך — לויז,

און עס וואקסן אונטער פּלינקע
פּרויען־הענט, די סטויגעס אויס —

ביז עס שיקט די זון, די פעלדער
שוין דעם לעצטן רויטן בליק,
און עס גייען מענער, פרויען
מיט געזאנג פון פעלד צוריק;

לאָזן איבער לאנגע רייען
סטויגעס גערשטן, קאָרן — שטיין,
שוין באלויכטן מיטן לעצטן
גאָלדן ליכט פון זון־פארגיין;

און די פעלדער בלייבן ליגן
ליידיק, שטיל, ווי נאָך א שלאכט;
לאנגזאם לאָזט אויף זיי אראָפּ זיך
ווי אן איבערדעק — די נאכט.

# א פארנאכט

וואלגערט זיך  געשאָטנט ליכט ארום שוין אין דער שטאָט,
און פלעקן אָנגעצונדענע, זיי שטיקן זיך אין דאמף און רויך,
די שויבן בליצן ווינקענדיק אהין וואו ס'פלאמט די ווייט —
עס האלט דער טאָג ביים אויסגייך מיט א לעצטן כאָרכלענדיקן הויך.

דער מזרח ווארפט אין אסטמע זיינע לעצטע רעשטלעך צו,
און שארט די רויטע שטיקער זון פונאנדער ווי געגליטע קויל;
דער מערב ווארפט דעם אָוונט צו, ווי אָפגעלאָשן אש,
און שפייט אים מיט א פוילן געגעץ אויס, פון ליידיק טיפן מויל.

# הארבסט אין גאָרטן

קניט אין גאָרטן שטיל א פרום־פארגייענדיקער טאָג,
און קנייטשט דעם שטערן, מיט א דינעם גאָלד אדורכגעצויגן;
ס'וויגט זיך ערגעץ ווייט און הויך א ריינער קלויסטער־גלאָק
צעקלונגען איבער פליכעוואטע ביימער־קעפּ געבויגן.

ס'האָט א קינד אין זאמד, זיך שפּילן פלוצלינג אויפגעהערט,
און שטיל פארגאפט — זיך איינגעהאָרכט אין נעפּל־בלאָען וועטער,
און א צווייטס, געטוליעט צו דער מאמען, האלב פארטרערט —
קוקט־נאָך ווי עמעץ פירט ארויס א וואָגן דארע בלעטער.

## ביים פענצטער

א טריבער טאָג, א רעגן גיסט,
ס'איז וואָלקנדיק און שווארץ.
איך שטיי ביים פענצטער, צי פארברומט
א ליד, אראָפּ פון הארץ;

איך שטיי און זינג, מען העלפט מיר צו,
מיין ליד, עס ווערט באגלייט:
די „אלט״ — בין איך, דער רעגן פּויקט,
דער ווינט, ער שפּילט די פלייט;

אָט בלאָזט ער זיך, אָט פייפט ער צו,
אָט וויינט ער אינדערשטיל,
די שויבן ציטערן פאר קעלט
און גיסן טרערן פיל...

דער פּערטער צום קווארטעט, דאָס איז:
א שינדל־בלעך, וואָס קנאקט
און רייסט זיך פונעם דאך אראָפּ
און העלפט אונדז צו צום טאקט...

# די בלומען שלאָפן

א מתנה — די „קינדער־וועלט“

שטילער, שטילער שטעלט די טריט,
שטילער, האלט דעם אָטעם איין,
שא ! די בלומען שלאָפן...

ווי א מאמע — זילבער־בלאס
די לבנה, איבער זיי
קושט זי זיי, איר זעט . . .

רירט נישט אָן קיין צווייגעלע,
רירט נישט אָן קיין בלעטעלע, —
ס׳קען צום שלאָף זיי שטערן . . .

זעט די מידע קעפעלעך —
הענגענדיקע גלעקעלעך,
פילט איר זייער אָטעם ? . . .

זעט איר ווי זיי שמייכלען אויך,
דאָס־אָ חלומען זיי איצט
זוניק ליכט און פערל־טוי . . .

שטילער, שטילער שטעלט די טריט,
שטילער, האלט דעם אָטעם איין,
שא ! די בלומען שלאָפן...

# א שטערן־טאנץ

בלאָ דער הימל,
פול מיט שטערן,
און זיי מערן זיך און מערן,
שטערן גרויסע,
שטערן קליינע,
גרינע ווי שמאראגדן ריינע,
ווייסע ווי די זילבער־שטראלן,
ליכטנדיקע ווי אָפּאלן,
שטערנדלעך ווי קאסטעניעטן
פייער־רויטע ווי ראקעטן —
פינקלען זיי און שעמערירן
מיט א העלן ים קאָלירן.
ווינקען, לויפן איינס צום צווייטן
נעמען אין א ראָד זיך שפרייטן,
פרייען זיך
און דרייען זיך,
פלעכטן אויס פון זיך א קראנץ —
גלאנצנדיקע,
טאנצנדיקע,
גייט א שטערן־בינט אין טאנץ.

# שניי-געוויטער

פּיו! ווי ס'יאָגט דער דינער דראָבנער שניי אין פּנים,
ווי עס וואָלטן טויזנטער טייוולאָנים,
ווייס געהילט, געקומען אָנצורייטן
פון די ווייטע, ווייסע וריטן
און פון אלע ועגן,
און פון אלע זייטן —
זיך א לאָז געטאָן, צעשאָטן
אין א טאנץ א ווילד פארשייטן —
שיטן ריזן־פויסטן בלענדיק זילבער־שטויב,
און גיבן זיך אין טאנץ געדיכט א הויב,
ווי זיילן צו קרישטאָלענע פּאלאצן,
יאָגן זיך,
צעשלאָגן זיך
און פלאצן,
הויבן ווידער אָן זיך צו צעשיטן
אין א ים פון ווייסע בליטן,
גייען איבער אין א קאראהאָד
און נעמען מיך אריין אין מיטן
ווייסן כישוף־ראָד.

הייסן מיך מיט זיי צוזאמען טאנצן,
און פֿארשיטן שפּאסיק מיר די אויגן,
צווינגען מיך פֿאר זיי דעם קאָפּ צו בייגן,
און צו גורען זיך און טוליען,
און די ווייסע חברה — הוליען,
שטשירען אויס די ווייסע ציינער,
לאכן אויס מיך:
— העי, דו מענטש! דו ביסט נישט איינער,
ווען אָנגעכאפּט האָט איצט פֿאר אונדז א ציטער, —
ס'איז ביי אונדז דער ווייסער יום־טוב — שניי־געוויטער.

# ווינטער־פּייזאַזש

ווייס, ווייס, ווייס,
יום־טובדיק ווייס,
אַ ווייסער יאַריד היינט אין שטאָט,
ס'האָט דער ווינט איבער נאַכט זיך געפּאָרעט,
און סווישטשענדיק פריילעך פונאַנדערגעוויקלט
די ריזיקע באַלעמס מיט אַלערליי ווייסע געוועבן
געבּרענגטע פון צפון,
און ברייט — זיי פונאַנדערגעלייגט און צעלייגט
איבער אַלץ
און אויף אַלץ.

שטייען הייכן מיט טורעמס און שפּיצן צום הימל,
ווי ריזן געגאָסן אין זילבערנע פּאַנצערס,
געאָרעמט מיט בייכיקע קלויסטער־קופּאָלן,
וואָס קוקן ווי זקנות געהילט אין פּאַטשיילעס
אַראָפּ אויף די שטאָקיקע הייזער, וואָס שטייען
מיט דעכער מיט ווייסע,
ווי דעקעס פונאַנדערגעשפּרייטע אויף שיפן.

אַ ווייסער יאַריד.
נאָר וואונדערלעך שטיל איז:
מען הערט נישט די טריט פון די גייער,
וואָס טרעטן אויף טעפּיכער ווייסע,
אויף ווייסע דיוואַנען

פונאנדערגעראַלטע אויף שטיינער און ברוקן
צעלאָפּן אין קרייץ פון די גאסן.

ס׳איז יום־טובדיק שטיל,
נאָר דער טאָג, ער צעשרייט היינט
זיין גרויסע און בלענדיקע ווייסע עשירות:
הא! זעט ס׳ארא אויסוואל
איך גיב עס אומזיסט היינט!
— זעט, בענדער און טאשמעס
און שנורן מיט כוואסטן,
— זעט, ליילעכער, טיכער
און ציכלעך און קישנס,
— זעט,לייוונט צו העמדער
און דינע וואלן,
און כלה־באדעקנס —
צעלייגט און צעהאָנגען
אויף טעלעגראַף־דראָטן,
אויף גזימסן, באלקאָנען,
קאַרניזן און זיילן —
נאָר ווייס אלץ! נאָר ווייס אלץ!
בחינם צו קריגן!

און ס׳לייכטן געזיכטער און אויגן —
געוואשן אין פראָסטיקער פרישקייט
פארביי דורך די גאסן
אנטקעגן דער בלאנקער און פרידלעכער ווייסקייט.

## א וואסער־טרעגער

...גייט ער שווער אזוי, געליימט —
אן אָפּגעשיילטער,
הענגען ווייסע, שווארצע שטיקער פון זיין לייב אראָפּ:
א גייענדיקער באלעם שמאטעס.

שטארצט פון אים א דינער, לאנגער האלדז
געבויגן ווי א פֿראגע־צייכן,
און געשוונדן ווי א גאָרגל פון א גאנדז.
מיט רויטלעך וואסערדיקע אויגן —
רייסט זיך, שאָקלענדיק, דער קאָפּ
צווישןביידע נאָשטשעס,
ווי א פערדס־קאָפּ איינגערעמט אין כאָמעט.

ביי די זייטן — ווי אויף האָלאָבליעס —
וויגן זיך צוויי פולע עמערס וואסער:
כליאָפּ־כליאָפּ, כליאָפּ־כליאָפּ —
קלאפן וואסער־צונגען איבער זיי׳רע ברעגעס,
לעקן אים ארום פון אלע זייטן,
טרינקען־אָן די מיילער פון די שטיוול זיינע,
און זיי גלאנצן אויסגעפוצט
מיט וואסער.

קאפעט און עס רינט פון אים
מיט קאלטע, שווערע טראָפּנס,
ווי מיט טרערן.
גייט דער וואסער־טרעגער —
וויינען זיינע בגדים.

# געקריינטע בערג

פאלט דער טאָג אין מזרח —
הייבן בערג דאָס פארבן־רייכע בגדי־מלכות זיינס,
הייבן אויף זיין פארלוירענע זוניקע קרוין פונעם קאָפּ
און קריינען זיך,
קריינען זיך אליין;
און ס׳פאלט דאָס גאָלד פון זיי׳רע קעניגלעכע מאנטלען
מאט און אָן א קלאנג
ארונטער צו דער ערד,
און ס׳וואלגערן זיך נאָכגעשלעפטע פאָלעס ליכט —
אין שטויב,
און ס׳בין־השמשות הייבט זיך,
שטייגט און קלעטערט
איבער זיי׳רע הארטע רוקנס,
צו צו זיי׳רע שטייפע קעפּ,
און רייסט זיי אין פארריסנקייט ארונטער אין דער נאכט.

# באלאדע פון א דערטרונקענעם

ווען דער טאָג איז א צעפּלאַמטער,
ווי אַן אויסגעבאָדענער פון ים אוועק —
געבליבן ליגן איז אין אָוונט־בלאָ
אַן איינזאַם פּעקל קליידער נעבן ברעג.
— — — — — —
אַז נאַכט האָט שוין געהאַט דעם ים אַרומגענומען,
כוואַליעס שוואַרצע — אים צופוסנס זיך געצויגן —
האָט עמעץ מיטן קאָפּ געדרייט אויף אַלע זייטן,
ווי גערופן וועמען מיט די אויגן —
איז אין חושך אויסגעוואַקסן א געזעמל
פון א קופּע סילועטן אָנגעבויגן:

האָט מען שוועבעלעך געריבן
און די פינצטערניש געצונדן;
האָט מען ס׳פּעקל בגדים אויף דער ערד צעבונדן
און געזוכט, גענישטערט: ווער און וואָס
און נישט דערגאַנגען — זיך צעגאַנגען,
ווי נאָך קבורה און — אוועק; —
געלאָזט דער נאַכט, דאָס פּעקל בגדים
היטן, ביי דעם שוואַרצן ברעג.

# א מאמע

— !? וואָס ווייסט א קינד, אז ס'איז פון זין אראָפּ די מאמע
שטייט עס און עס רייסט און צופּט זי פארן קלייד,
און ס'בעט זיך דורשטיק: כ'וויל א טרונק!
און ס'בעט זיך הונגעריק: כ'וויל ברויט!
און זי, די מאמע, ווי זי וואָלט דערביי נישט זיין
ווי צוגעמויערט צו דער מויער — שטייט
און גלאָצט מיט אויגן גלעזערנע
אין אָוונטיקער גאס אריין,
ווי בלינד,
און שמייכלט תּמ'עוואט צו די פארבייגייער
און צו איר אייגן פרעמד־געוואָרן קינד,
וואָס בעט זיך דורשטיק: כ'וויל א טרונק!
וואָס בעט זיך הונגעריק: כ'וויל ברויט!
און — צופּט זי פארן קלייד,
און — שלעפּט זי פון דער וואנט,
און ציט, ווי ביי א פליגל א צעבראָכענעם —
איר שווערע, שלאבריק־נאָכגעלאָזטע האנט.

# שפּיטאָל

ווייסע קישנס, ווייסע ציכלעך,
ווייסע בעטן, ווייסע ווענט,
אויכעט ביי די קראַנקן־שוועסטער
זענען ליליע־ווייס די הענט.

ס׳טראָגט זיך איבער אַלץ אַן אויקעך,
עמעץ קורטשעט זיך פון וויי;
איינער, אונטער שווערע צודעקס
וואָרעמט זיך — ווי אונטער שניי.

עמעץ האָט אַ קרעכץ געגעבן
און דערנאָך אַ שווערן הוסט,
ווי עס וואָלט אַ ראָד אַריבער
איבער אַ צעדאַרטער ברוסט.

מיטאַמאָל איז שטיל־געוואָרן,
נאָר די שטילקייט האָט גערעגט.
— טויט! — האָט עמעץ אויסגעשריגן,
— טויט? — האָט ווער מיט שרעק געפרעגט.

## פייזאזש

א בארג און א וועלדל, וואָס קלעטערט ארויף
מיטביימער צעלאָפּן ווי הירשן אין לויף,
מיט צווייגן, ווי הערנער פארפלאָנטערט, פארדרייט
און רויט פון א בלוטיקער זון, וואָס פארגייט
און פאלט אין די אָרעמס פון וועלדל אריין;
און ס׳וועלדל ווי שיכור פון ליכט, ווי פון וויין,
ווי ס׳וואָלט זיך געפרייט מיט איר בלוטיקן פאנג,
באטרונקען שוין ביז אין דער העלפט פון פארגאנג —
גייט אונטערגעצונדן פון שטאם ביזן שפיץ,
א טאנץ ארום שייטער פון טאָג, וואָס גייט אויס.

# נאָקטיורן

## שפּעט אין נאַכט.

עמעץ האָט אין גאָרטן־הויז א פענצטער צוגעמאַכט
און האַסטיק, אויפגערעגט, עס צוגעקלאַפּט,
ווי פאַרן אָנקומען פון א געוויטער;
ס׳האָט א שויב געטאָן נערוועז א ציטער,
און דער גאָרטן האָט פון טיפן שלאָף זיך אויפגעכאַפּט
באַאומרואיקט פון עמעצנס א סילועט,
וואָס זיין פּנים האָט זיך פון דער נאַכט אַרויסגעבליכט,
און זיך איילִיק אין דער פינצטער דורכגעשלייכט,
און מיט זוכנדיקע טריט, דעם וועג געטאַפּט

ס׳האָט דאָס גאָרטן־טירל מיט א סקריפּ זיך אויפגעעפנט
און א שאָטן איז אויף יענער זייט געבליבן שטיין,
בלאָנדזשענדיק אַרומגעקוקט זיך,
אָנגעהויבן גיך צו גיין,
און פאַרשוואונדן ערגעץ אינדערנאַכט...

נאָר דער גאָרטן איז שוין רואיק נישט געשלאָפן;
א שווערקייט, האָט די שטילקייט צוגעדריקט,
און ס׳גאָרטן־טירל — אָפן —
האָט דער ווינט א גאַנצע נאַכט געוויגט...

# מיין ליד

מיין ליד, בין — איך, און איך — מיין ליד,
וואָס טראָגט מיט מיר דעם גורל מיין,
און גייט מיט מיר די זעלבע טריט —
דער וועלט פון זיך מבשר־זיין.

מיין ליד, בין — איך, און איך — מיין ליד,
וואָס טראָגט מיט מיר איין צער און פרייד,
און ס׳זעלבע לייכט און שווער געמיט,
און ס׳זעלבע לעבן, ביז צום טויט.

## ווערט א ליד...

ווערט א ליד ביי מיר געבוירן,
לאָז איך פרי עס אָפּ אויף הפקר אינדערוועלט —
זענען פול מיט זיי די וועגן
וואו זיי וואָגלען אום פאריתומט
אָפּגעריסענע, ווי קינדער אינדערפרעמד;

קיינער ווייסט נישט ווער זיי זענען,
ווער עס האָט זיי אויסגעוויטאָגט,
ווער עס האָט זיי אויסגעטראָגן,
איינס נאָר ווייסט מען:
אז זיי הייסן אלע מיט דעם נאָמען: אומעט. —

קלאפּן זיי אין טירן, פענצטער,
מיט א ווינטיק, קאלטן ניגון:
— עפנט, עפנט! ס׳פרירן גלידער,
און דער וועג איז אָן אן אויסוועג,
— ווארפט א פונק ארויס אין חושך,
זאָל ער ווארעמען און לייכטן!

טרעפט — אז ערגעץ ביחידות
עפנט עמעץ אויף א טירל
פון א הארץ, א שווער געמיטיק,
און נעמט ווארעם אויף דאָס ליד מיינס,
ווי עס וואָלט געווען אן אייגנס,
טראָגט פון הארץ עס העכער, העכער
ביז, ער ברענגט עס אויף די ליפּן
און ער קושט עס אויס אין קלאנגען.

# קלאנגען און פארבן

קלאנגען און פארבן,
פארבן און קלאנגען, —
און פול איז דאָס אויג מיינס,
און פול איז דאָס אויער,
און פול ווי א פעלד, איז
מיט קערנער און זאנגען —
איז ס'הארץ מיינס, מיט טענער
פון פרייד און פון טרויער.

קלאנגען און פארבן,
פארבן און קלאנגען, —
און איך טראָג כסדר
דעם אָנרעג און ציטער
פון שטילקייט און שטורעם —
צו גרויסע פארלאנגען,
וואָס ווערן אין לידער
צעשאָטן, אויף שפּליטער.

# פול

כ'בין פול איצט, פול
מיט קלאנגען
פון געזאנגען
אלערליי,
פון וואָס ס'איז שווער מיר
צו באפרייען זיך פון זיי
און זיי — פון מיר;
און כ'פיל בלויז צאפל,
ציטער פון באריר,
ווי כ'האָלט געטראָגן פייגל
אין מיין הארץ געפאנגען,
פייגל אלערליי, פון אלע קלאנגען
און פון אלע פארבן;
זינג־פייגל, וואָס רייסן זיך —
נישט אָפצושטארבן...

# איך פארבייט

כ׳פארבייט אלע מענטשן, וואָס כ׳זע — מיט געשטאלטן פון
מיינע חלומות,
איך וויל זיי נישט זען מיט דעם ערדיש־באלאסטיקטן טראָט,
נישט זען זיי געפּאָרעמט און הארט ווי געביידעס אין שטאָט,
מיט אויגן, וואָס קוקן ווי פענצטער פון לייביקן טווק...

כ׳פארבייט אלע קולות, וואָס כ׳הער — מיט די טענער פון
מיינע געזאנגען,
איך וויל זיי נישט הערן מיט שווערן געהאמערטן קלאנג,
נישט הערן, מיט זיסן הכנעה׳איקן שאָרך פון א שלאנג,
וואָס ציט זיך פארטרווילעך מיט גיפט אויף דער שפּיץ פון איר צונג...

כ׳פארבייט אלע מענטשן, וואָס כ׳זע — מיט געשטאלטן פון
מיינע חלומות,
כ׳פארבייט אלע קולות, וואָס כ׳הער — מיטן ניגון, וואָס כ׳טראָג
אין זיך אום;
איך וויל, מען זאָל זינגענדיק זאָגן, און זיין דערביי שטום,
און רעדן אזוי ווי א הייליקער רעדט: אויפן וואונק.

# מיינע טעג

הונגעריקע, דורשטיקע —
באשלאָף איך און פארשלאָף די טעג,
און וואלגער זיך מיט זיי ארום
ווי מיט גאסן־פרויען.

כ׳ליג מיט זיי צעלייגט
אויף טישן נאקעטע,
אויף גאָרטן־בענק,
און אויף די קדשי־קדשים־טרעפ און שוועלן.

וואָס דען זאָל איך טאָן
אז כ׳בין שלאָפלאָז אין גרויל פון די נעכט —
ווען ס׳פינצטערניש ווײנט אינדערשטיל
פון מיין הינטיש געלעגער אראָפּ,
און בעט זיך א ליכטל צוקאָפּנס ?!

# א טאָג פון טעג

און ווידער איז א טאָג ביי מיר אוועק,
א טאָג אזאָ, ווי אלע מיינע טעג;
א טאָג — אמאָל — א וואָלקנדל א גראָ׳ס,
וואָס ציט און ווערט צערונען ווי א רויך;
אמאָל א טאָג — א זייפנבלאָז,
וואָס פּלאצט, נאָך איידער ווען און וואָס;
און ס׳איז א טאָג ביי מיר פאראן —
א זעגל־שיפל, בלינד
ארויסגעלאָזט געפירט צו ווערן פונעם ווינט;
און אויך א טאָג, א שמעטערלינג,
וואָס פלאטערט זאָרגלאָז, לייכט און גרינג
ארום דער זון,
און ווייסט פאר פרייקייט נישט אליין
זיך וואו אהינצוטון.

אזוי־אָ גייען מיר אוועק די טעג,
און כ׳וויס נישט, צי ס׳איז שלעכט אזוי, צי גוט —
אפילו, ווען א טאָג גייט אויס ביי מיר
אין רויטקייט, ווי אין בלוט —
איז אויך מיר רייצנדיק און באנג
און אומעטיק און שיין,
און טרויעריק, ווי יעדער אונטערגאנג
און יעדעס אונטערגיין.

## שלינק און שלאנק

גיי איך שלינק און שלאנק אזוי,
ווי פון וויזט געטראָגן און צעטראָגן,
און צעשפּיליעט ביזן גאָלן לייב,
און ס׳קוקט מיין האַרץ אַרויס
פון מיינע ברעגעס העמד,
און שניידט זיך אין דער וועלט אַריין,
ווי דער קלאָרער אויסגוס פונעם ים.

ליג איך מיינע נעכט אזוי,
צעלייגט אויף גאָר דער וועלט,
און מיין געלעגער איז:
די גרענעצלאָזע ערד,
און מיינע קישנס — בערג און פעלזן־שטיינער,
און מיין צודעק — זיבן שוואַרצע הימלען,

# נעכט

פאראנגען נעכט ביי מיר — נאָך טיפערע פון נעכט,
און פינצטערע אָן מינדסטן פונק,
ווי אָפּגעלאָשן קויל,
און לאנגע זענען זיי, די נעכט —
אָן אייביקייט מיט שרעק,
וואָס זייגט מיט שווארצע ברוסטן אָן
דאָס גרוילן־קינד: קאָשמאר.

איך ליג אויף מיין געלעגער —
נישט איך שלאָף און נישט איך וואך,
און כ׳וויג זיך אינעם חושך
ווי אויף כוואליעס פון א ים,
עס טראָגט מיך ערגעץ־וואו אוועק
אין דער אומענדלעכקייט,
וואָס כ׳שנייד מיט מיינע בליקן —
אינעם פחד אויפגעבליצט.

איך טראָג זיך, ווי אַן אָדלער גיך,
די שטילקייט שרייט מיר נאָך
מיט קולות פון דער גאנצער וועלט —
פארשטיקט ווי פון א תהום,
און ס׳דאכט זיך מיר, אז ס׳קרעכצט אזוי
די קראנקע מאמע־ערד,
וואָס טראָגט אויף זיך די קינדערס שווערן גורל פונעם זיין,

איך הער זיך איין —
און מיינע אוי׳רן־פּייקלעך פּלאצן אויף;
עס טראָגט מיך, און מיין שטערן גליט,
און פּלוצלינג — אייז אויף אים:
א קאלטע שויב האלט־צו מיין קאָפּ
אין פענצטער פון דער נאכט.

## אויפדערפריי...

כ'האָב קיין קייטן נישט געטראָגן,
כ'בין אין תפיסה נישט געזעסן; —
ברויט מיט וואסער האָב איך מער שוין
פון אן ארעסטאנט געגעסן.

קראטן־פענצטערלעך מיט דאשקעס
בלעכענע, אויף זיי פארצויגן; —
גאָרנישט אלץ! איך האָב אין זון־ליכט,
ליכט געבעטן פאר די אויגן.

טוכלע ווענט אין ענגע צעלן
וואו מען ראנגלט זיך אין גסיסה; —
ס'איז דאָך פיינלעכער צו שטארבן
איינזאם, אין א פרייער תפיסה!

# מיין הארץ, מיין וועלט

ס׳האָט די וועלט איר הארץ אויף מיר ארויפגעלייגט —
גיי איך מיט מיין שווערער לאסט
און איינגעשפאנט געמיט,
און ס׳פּלאָנטערן זיך מיינע פיס,
ווי קייטן וואָלטן מיך געשמידט
און איינגעגעסן זיך מיט זשאווער אין מיין לייב.

איך גיי —
נאָר קיינער זעט מיך נישט,
און יעדן איינעם שטעל איך אָפּ
און בעט ביי יעדן איינעם זיך:
— א ביסל נעמט פון מיר אראָפּ!
א קליינער טייל, וואָס איז נישט מיין,
און טראָגן טראָג איך עס פאר אייך,
ס׳האָט גאָט א וועלט צו מיינע פיס געוואָרפן...

הערן אוירן מיינע ווערטער — טויב,
גלאָצן אויגן אָן מיך ווילד משונה,

ווער — א לאַך

און ווער — א שאָקל מיטן קאָפּ,
וויזט א האַנט אויף מיר רחמנותדיק און זאָגט:
— ס'איז א מענטש אראָפּ פון זינען,
פלוידערט ער פון וועלט און האַרץ,
פון האַרץ און וועלט!...

צינדן זיך משוגע אָן די אויגן מיינע,
און די אויגן — צינדן אָן די הימלען,
ס'ברענט אין מיר און אַרום מיר,
און כ'פאַל אין גאַנג, אויף אַלע וועגן,
ווי די זון,
וואָס בלוטיקט ביים פאַרגיין.

## כ׳וועל אוועק...

אין א זומערדיקן מאָרגן
שטיל, פאַר אַלעמען פאַרבאָרגן,
מיט א זייט־געזונט א שטילן,
מיט א מידן בליק א קילן —
וועל איך אין דער וועלט זיך לאָזן.

כ׳וועל דאָס קיינעם, קיינעם זאָגן,
נאָר דעם ווינטל, וואָס וועט יאָגן
און צעוויגן בלויז די גראָזן...

כ׳וועל אוועקגיין און פאַרלאָזן
מיינע ליבסטע, אויסדערוויילטע,
וואָס איך האָב בלויז איינציקע, געציילטע;
אויך מיין טאַטן מיט דער מאַמען,
און די שוועסטער מיט די ברידער —
אַלע וועל איך זיי פאַרלאָזן
און נישט אומקערן זיך ווידער.

כ׳וועל פאַרלאָזן ס׳אָרט מיינס,
וואו פאַרקלונגען איז דאָס וואָרט מיינס,
וואו עס פרעסט די לופט און שטיקט מיך
און דאָס גראָע לעבן דריקט מיך;

כ׳וועל ארויסגיין פון מיין ענגשאפט
אָן דעם מינדסטן צער פון בענקשאפט
זיך צום אלטן אומצוקערן;
ס׳וועט פון מיר נישט קיינער הערן,
ס׳וועט פון מיר נישט וויסן קיינער —
ווען איך וועל, ווי שטענדיק — איינער
בלאָנדזשען אין די ווייטע וועגן,
און ביי קיינעם זיך נישט פרעגן
וואו צו גיין . . .

כ׳וועל אוועק אין א פרימאָרגן,
אז מען זאָל מיך מער נישט זען,
אז מען זאָל מיך שנעל פארגעסן,
ווי כ׳וואָלט קיינמאָל נישט געווען.



ס׳איז שווער מיר צו טראָגן די לאַסט
פון מיין איינזאמער פרייד;
איין רגע בלויז דויערט מיין העכסטער עקסטאַז
און פארגייט, —
ווייל ס׳זאָגט מיר גישט קיינער אין קדושה קיין אָמן —
ווען כ׳בענטש
און לויב יעדע גרויסקייט און שאַפונג
פון גאָט און פון מענטש.

##ביים ראַנד

שטיי איך פאַרעקשנט ביים ראַנד פונעם אָפּגרונט,
אַזוי ווי אַ פישער ביים רוישיקן וואַסער —
פאַרוואַרף איך די נעץ מיין
און כ'וואַרט אַ געשפּאַנטער:
וועט אפשר זיך מאַכן אַ פאַנג פון אַ גליק־שטיק? —
אַ פישל אַ גאָלדנס מיט זוניקע שיפּן,
וואָס שפּינען לעגענדעס און מעשה'ס פאַר קינדער.

וואַרט איך —
אָט ווערן די מוסקלען ווי דראָטן,
די נעץ דרייט די הענט מיר —
צי איך אַרויס זי,
און ס'ווערט פון די אויגן פאַרשוואונדן
מיין פרייד־בליק,
און ס'האַרץ מיינס ווערט ליימיק —
פון ליים אין דער נעץ מיין...

פאַרוואַרף איך זי ווידער,
אַ צווייט און אַ דריט מאָל,
און ווידער דאָס זעלבע:
דאָס ליים און די שטיינער...

בייג איך זיך איבערן ראַנד, ווי דער פישער,
און כ'קוק אינדערטיף פון דער תהום'איקער שוואַרצקייט,
וואָס כוואַליעט און שוימט
און באַדעקט זיך מיט בלעזלעך,
וואָס ווינקען ווי שעלמישע אייגלעך
און — פּלאַצן.

# אריבער מיין ברעג

ווי! —
מיין איינזאמקייט גייט שוין אריבער דעם ברעג
פון מיין ים'איקן שווארצן געמיט;
זאָל עמעצער לאָזן זיך שווימען —
צו ראַטעווען ס'הארץ מיינס, וואָס טרענקט
און זינקט אינדערטיף פון מיין צער.

זאָל עמעץ אריין מיט די רודערס
צווישן די כוואליעס פון אומעט —
און שניידן זיי, שניידן א וועג זיך צו מיר —
ווי לאנג ס'איז נאָך צייט.

זאָל עמעץ פון ערגעץ א הילכיקן רוף־טאָן אויף הילף,
אָדער, ווילד א געשריי־טאָן צוזאמען מיט מיר
אין דער וועלט־אריין: ווי! —
ווי לאנג ס'איז מיין הארץ א געפּלאצט'ס
אויף דער פלאַך נישט ארויף;
ווי לאנג ס'איז מיין גוף ווי א שטיין
נאָך אין תהום נישט אראָפּ.



כ׳האָב נאָכגעלאָזט דאָס פערדל צ י י ט, ס׳זאָל גיין
א נישט געצוימטס, א נישט געשפאנטס, ווי איך;
נו, לויפט עס בארג־ארויף און בארג־אראָפּ
און טראָגט אויף זיך, צום אומקומען, אויך מיך.

א לעבן אָט אזוי: ארויף, אראָפּ,
פון העכסטער הייך — צו אָפּגרונט און פּארפּאל,
און אייביק: נס, פון בלייבן גאנץ; פון זען
אין יעדער טיפסטער פינצטערניש — א שטראַל.

## מיט וואָס ?...

מיט וואָס וועל איך אָפּגיין דעם גבול פון מיין לעבן,
ווען כ׳וועל ס׳בית־החיים אויף שטענדיק פארלאָזן
און קומען אהין אויפן עולם־האמת,
צו מיינע פארשטאָרבענע ברידער און שוועסטער,
וואָס זענען, ווי איך דאָ — געווען און פארגאנגען —
מיט וואָס ?

וואָס וועל איך זיי זאָגן,
וואָס וועל איך דערציילן,
ווען ס׳וועט מיין סקעלעט־ישער, מענטשלעכער אָפּשטאם —
מיך פרעגן, מיט וואָס כ׳בין געקומען פון עבר,
און וואָס איז געווען דער שכר פון מיין דאָ־זיין,
פאר דורכגיין די שעה מדורי גיהנומס,
דורך בראנדיקע טוי׳רן
פון טעג אָפּגעברענטע,
און אומרואיק, גרויליק־צעשויבערטע נעכט.

כ׳וועל גאָרנישט דערציילן —
כ׳וועל ווייזן די הענט בלויז,
די הענט, די געביילטע, ווי שטאָלענע האמערס,

וואָס האָבן זיך פּויסטיק צוריק נישט צענומען
און זענען געפאַלן אין דראָען, ווי שטיינער...

כ׳וועל ווייזן די אויגן פון אונטער די שערבלעך,
וואָס האָבן פאַרדעקט מיר דעם צער און דעם ווייטאָג:

כ׳וועל ווייזן די ליפּן,
די שלאַנגיק־צעקרומטע,
געגליווערט מיט קללה
פון גאַליקע טראָפּנס...

כ׳וועל ווייזן דאָס אָרט, וואו געוועזן איז דאָס האַרץ מיינס,
דאָס האַרץ, וואָס געוועזן איז ביים לעבן צעפּרעסן
פון יאוש און טרויער,
פון שטענדיק פאַרצווייפלען,
פון שטענדיקן שטיין ביי דעם ראַנד פונעם אָפּגרונט.

# א וואונטש

מיין העכסטער וואונטש איז היינט:
א פּאָר מיט שטיפטן־שטאָלן־שטארקע שיך,
וואָס זאָלן וויט צעהילכן מיך
אין מיינע הפקר־טריט.
און קלינגען אויף די שטיינער־ברוקן
הויך און שווער, ווי אלטע ריטער־שפּאָרן
אונטער מיין באהאלטן שווארץ געמיט —
זיי זאָלן אויסהאלטן אויף זיך די לאסט
פון מיינע נישט־פארלעבטע יאָרן,
שווער געטראָגענע אויף מיין געביי,
וואָס זינגט אין קלאָג,
און טאנצט אן איילינקן פארגעסונגס־טאנץ,
מיט פינגער, ווי מיט קאסטעניעטן צוגעקנאקט
א טויטן־טאקט,
און ברומט מיט ווייטיק פון אן אָפּגרונטיק געשריי
ארייַן פון טאָג אין נאכט —
זיין טיף דערשטיקט געזאנג,
פון גע־ונד־פארלוירנגייענדיקן גאנג.

## ביי די טויערן

זיץ איך ביי די רעגן־בויגן־טוירן
פון מיין אויסגעחלומט לאנד
און — טראכט:
וואו איז פרייד פאראן — נישט אויסגעטרויערט?
וואו איז גליק פאראן — נישט אויסגעחלומט?
וואס'ער ליבע גייט נישט אויס פון בענקען?
וואס'ער פרידן, קומט נישט נאך א שטורעם?
הענגענדיקער געפל —
איז דאס ליכט פון ערב אויפגיין;
קלאנג פון גאלד —
איז ריינער, ווי דאס גאלד אליין.
און הייך־בארוישונג —
זיסער פונעם ווין...
ווי איז, ווי דער טרוקעניש
אויף גומענס, ווי מדבריות?
ווי, ווען ליפן דורשטן נישט
די זאפטן פון דער בליאונג,
און ווען אויגן בליצן נישט
מיט פייער פון באגערן,
און דאס הארץ צעזינגט זיך נישט
אין זוניקער דערהויבונג,
און דער דמיון טראגט נישט
אויף די פליגל פון צעשטראלונג.

# אין זיך

שטענדיק, ווען איך זוך ארום דעם תמצית פונעם „זיין"
און כ'קלעטער ווי א בלינדער, אויף די שטאפלען פון מיין וועלט,
און כ'גיי ארויף און כ'גיי אראָפּ
ביז, כ'נידער אין מיין טיף,
און כ'בלייב אין מיין התבודדות, דערוויי‏טערט אויך פון זיך —
שמידט־אויס פאר מיר דער מוח דאן, א מעסער בלאנק ווי שטאָל,
געשארפט איןביידע זייטן
אויף א שטיין פון מיין געדאנק;
ער בליצט מיר פאר די אויגן, ווי א פליגל פונעם טויט,
דאָך שרעקט ער מיך נישט אָפּ, איך האלט מיין גורל אין דער האנט;
די פינגער טאַפּן מיך ארום,
ווי עמעצנס א וואונד,
און כ'פיר מיט קייזער־שניט ארום דאָס מעסער אויף מיין לייב,
דער ווייטאָג ברומט, ווי פון א תהום און — כ'הער זיך צו, צו זיך:
—דערקענונג! — שרייט מיין יעדער נערוו,
— וואָס איז א מענטש אן „איך"?
איך פרעג און קוק אריין אין זיך, ווי דורך א טעלעסקאָפּ,
און גרעסער ווערט דער פראגע־צייכן, און מיט אים — דער סוד.

## פאַראַן אַזאַ מחנה

נישט פון איין טאטן, און נישט פון איין מאמען —
פאַראַן אַזאַ מחנה פאַראייניזאַמטע ברידער,
וואָס טראָגן זיך אום ווי מאַטראָזן אויף ים'ען,
מיט תפילות און ווייטע צעציטערטע לידער;

מיט זיי זענען פול אַלע הייכן און טיפן,
די איינגענג ביי יעדן געבעט־הויז פאַרנומען,
מיט זיי זענען פול אַלע וואָגלענדע שיפן,
וואָס בלאָנדזשען און קאָנען אינערגעץ נישט קומען;

אַ מחנה, וואָס איז שוין איבערגעגאַנגען
די גרענעצן אַלע, די בראַנדיקע טוירן;
אַ מחנה, וואָס ציט זיך מיט בענקשאַפט־געזאַנגען,
און גייט אַזוי, זינגענדיק, הפקר פאַרלוירן.

# מיין עלטערן ברודער

אורי צבי גרינבערגן

דיכטער־ברודער מיינער, אורי צבי,
מיך ציט נאָך דיר דער כוח
פונעם וואסער־פאַל ניאגארא,
וואָס איך הער אפילו שלאָגן
פון דיין קול דממה דקה,
און איך זע אים, ווי ער שפּארט זיך,
ווי דער בלוט־לויף פון די פעלז־בריסט,
און ער שניידט זיך מיטן אויסגוס
רעש אריין אין ברייטן ים.

און זע איך דיך פרימאָרגנס גיין
דעם פרישן טאָג אנטקעגן,
מיט א ליד אויף דיינע דורשטיק נישט געשטילטע ליפּן —
וועקסטו אויף אין מיר דיין טיפע זינגענדיקע פרייד,
און ס'בליט א ליד פונאנדער זיך אין מיר —
ביים ליכט פון אויפגאנג.

זע איך דיך פארוויקלט אינעם נעפּל פון דער דעמערונג,
ווען ס'שפּילן דיינע אויגן אויס די פארבן פונעם אונטערגאנג,
און ס'לעשט זיך אויף דיין קופּער־רויטן ברענענדיקן קאָפּ
די שריפה פונעם טאָג —
זע איך מיך א נשרף נעבן דיר אין שאָטן־זייט,
און כ'זאָג בלחש דיינע אוונט־תפילות מיט, מיט דיר.

## אינהאלט: